פֿערלאַג „די וועלט“

# היסטארישע בילדער

## פון פראנקרייך.

פֿון

א. א.

איבערזעצט פֿון פֿראנצויזיש׳

פרייז 3 קאָפּ.

דרוק פֿון י. פיראָזשניקאָוו.

# ИСТОРИЧЕСКІЯ КАРТИНЫ

## изъ французской жизни.

Соч. **А. А.**

Переводъ съ французскаго.

**Вильна, Типографія** И. І. Пирожникова, **Завальная улица № 1147.**

1906.

# די קָרְבָּנוֹת פוּן דֶער קָאמוּנֶע [1].

נעֶהמט אַראָב די היטלעֶן — איך וועֶל רעֶדעֶן וועֶגעֶן די מאַרטירעֶר פון דעֶר קאָמונעֶ!

ווי פיל זיינעֶן זיי געֶוועֶזעֶן? -- וועֶר קעֶן עֶס איבעֶרצעֶהלעֶן!

פרעֶגט וועֶגעֶן דעֶם דעֶם פאַריזעֶר ברוק, די האַרמאַטעֶן פון די קאַזאַרמעֶס לאַבאָ, דעֶם לוקסעֶנבורגעֶר גאָרטעֶן, די שאָמאָנישעֶ בעֶרג, שאַטלעֶ, די בלוטבעֶשפריצטעֶ מצבות פון בית-עלמין פעֶרלאַשעֶז, די גרינעֶ געֶרטנעֶר, וואָס זיינעֶן געֶוואָרעֶן פאַר בית-עוֹלם'ס, וואו פון אונטעֶר דעֶר פרישעֶר עֶרד פון די נאָר וואָס פאַרשאָטעֶנעֶ קברים פלעֶגעֶן זיך ביי נאַכט הערעֶן גוסס'עֶ קרעֶכצעֶן.

די טייכעֶן זיינעֶן געֶפלאָסעֶן מיט בלוט. די וואַסעֶר פון דעֶר סעֶנאַ איז רויט געֶוואָרעֶן. די קעֶרפּעֶר פון די געֶהרג'עֶטעֶ זיינעֶן געֶלעֶגעֶן איבעֶר די גאַסעֶן אויף אַ שטח פון פילעֶ טויזעֶנדעֶ קוואַדראַטנעֶ קלאַפטעֶר אָנגעֶלייגט איינעֶ אויף די אַנדעֶרעֶ. די רעֶדעֶר פון די וועֶרסאַלעֶר האַרמאַטעֶן זיינעֶן געֶוועֶן ביז די אַקסעֶן פעֶרשמירט, ווי מיט בלאָטעֶ, מיט פאַרבאַקעֶנעֶ בלוט און מיט שטיקעֶר מעֶנשליכעֶ מאַרך.

אין אַ משך פון פופצעֶהן טעֶג האָט מעֶן געֶקוילעֶט אָהן אַ משפט. פאַריז איז געֶוואָרעֶן אַ מורא'דיגעֶ, גרויסעֶ שחיטה-הויז.

און אַז אַלץ האָט זיך געֶעֶנדיגט, האָט אין דעֶר ריזעֶן-

---

[1]) דיזער ארטיקעל איז געווען אבגעדרוקט אין דעם זשורנאל „גע=מיינדע" 1878 יאהר.

שטאָדט געפּעהלט הונדערט טויזענד אַרבּייטער, גע'הרג'עטע, געפאַנגענע, אַנטלאָפענע. פון איינ׳גע צעכען איז ניט געבּליבּען קיין איין איינציגער מענש, — דאָס איז מודה דער מוניציפּאַל-ראַט אַליין אין זיין אָפּיציעלען בּעריכט.

יע דאָס איז געוועזען אַ'ן אמת'ער יום-טוב פאַר דער פראַנצויזישער בּורזשואַזיע. אונזערע גרויסע גענעראַלען לעקען נאָך איצט אָבּ די פינגער, ווען זיי דערמאָנען זיך אָן דעם.

טיער [1]) — דער פאַסקודנער קאַרליק — איז פּשוט יונג געוואָרען, בּאַדענדיג זיך אין דיעזער וואַנע פון פאָלקס-בּלוט.

מען האָט גאָר ניט געזשאַלעוועט פאַר דעם ווילדען יום-טוב פון די קאַפּיטאַליסטען. די סעודה איז טאַקי געוועזען אַ יום-טוב'דיגע. — מען האָט דערשאָסען פרויען, יונגע און אַלטע: מוטערס מיט קינדער, קינדער אָהן מוטערס, מוטערס אָהן קינדער, און, וואָס ס'איז געוועזען נאָך געשמאַקער — מען האָט דערשאָסען אונבּעוואָפענטע אַלטע לייט, קראַנקע און שטאַרבּענדע, אין די שפּיטעלער פלעגט מען קראַנקע אָפּערירטע אַרויפּחאַפּען אויף פּיקעס און אַרויסשלייַדערען דורך די פענסטער אין די טייכען בּלוט, ווי הינטלעך, וואָס קוויטשען און וואויען.

יע, דאָס איז געוועזען אַ פּראַכט!

בּעוואוסטע שריפטשטעלער און פּראַכטיגע „פאַרגעניגענס-געטינען" פלעגען לויפען אָנקוקען זיך אויף די מתים. פאַרפּוצטע דאַמען פלעגען ניט זעלטען אַריינשטעקען די שפּיצען פון זייערע רעגענשירעמס אין די פרישע אָפענע וואונדען פון די נאָך לעבּעדיגע מענשען.

זשול פאַוור, [2]) דיזער נאָכמאַכער פון פאַלשע פאַפּירען, בּאַשפּריצט פון קאָפּ בּיז די פיס מיט בּלוט פון מיליער'ן [3]), האָט פאַרוואונדערט די וועלט מיט זיין ווילדע משוגעת. די

---

[1]) טיער איז געווען די „קאפּ" פון בורזשואזער ווערסאלער רעגירונג וועלכע עס האט געקעמפפט געגען דער קאמונע.

[2]) אויך א מיטגליד פון דער ווערסאלער רעגירונג.

[3]) א מיטגליד פון דער קאמונע.

מאָנאַרכיִסטיִשעֶ אֵייראָפּאַ, וועֶלכעֶ האָט זיִךְ אָבגעֶזאָגט אַרויס־צוגעֶבעֶן איִהם די אַנטלאָפּעֶנעֶ, האָט איִהם געֶמוזט באַשעֶמעֶן!

מאַרקיִז גאַליִפּעֶ[1]) האָט געֶשוונדעֶן דעֶרפאַר, וויַיל עֶר איִז געֶוועֶן ניִדעֶרטרעֶכטיִג. — „היַינט איִז מיַין יום-טוב", האָט עֶר געֶזאָגט. עֶר האָט מסתמא געֶמיַינט, אַז צוליִב זיַינעֶ אַכזריות וועֶט מעֶן מוחל זיַין די זנות פון זיַין וויַיב, דעֶר קאָנקורעֶנטיִן און פריַינדיִן פון דעֶר געֶוועֶזעֶנעֶר קיִיזעֶריִן יעֶווגעֶניִעֶ.

וויִנואַ, סיִזיִ, מאַק-מאַהאָן און אַנדעֶרעֶ געֶנעֶראַלעֶן פון דעֶר איִמפּעֶריעֶ האָבעֶן מיִט פולוועֶר און בליַי צוריִקגעֶצאָהלט דעֶם אונבעֶוואָפּעֶנטעֶן פאָלק די קלעֶפּ איִן היִנטעֶן, וועֶלכעֶ זיי האָבעֶן באַקומעֶן פון די זיִגריַיכעֶ פּריַיסעֶן, וואָס האָבעֶן זיי ניִט געֶקעֶנט טרעֶפעֶן איִן קיִין אַנדעֶר אָרט, וויַיל זיי האָבעֶן זיי קיִינ־מאָל אַנדעֶרש ניִט געֶזעֶהעֶן, ווי פון היִנטעֶן.

אַלכּסנדר דיומאַ-זוהן, דעֶר באַזיִנגעֶר פון זונות, דעֶר באַשיִטצעֶר פון רעֶליִגיִאָן, פון אֵייגעֶנטום און פון דעֶר בורזשואַזעֶר פאַמיִליעֶ, וועֶלכעֶ עֶס האַלט זיִךְ אויף זנות און פּראָסטיִטוציעֶ, פלעֶגט זיִךְ אויסדריִקעֶן, אַז „די נקבה פון אַ קאָמונאַר איִז נאָר דאַן עֶהנליִךְ צו אַ פרוי, ווען זי ליִגט אַ דעֶרשטאָכעֶנעֶ".

וורִיניאָ, דעֶר הויפּט-רעֶדאַקטאָר פון דעֶם „טובת-הכלל" און דעֶר געֶליִבטעֶר פריַינד פון טיִעֶר'ן האָט זיִךְ געֶריִהמט, אַז עֶר האָט אַליִין מיִט זיַינעֶ אֵייגעֶנעֶ העֶנד דעֶר'הרג'עֶט 30 פעֶדעֶראַליִסטעֶן, — פון די געֶפאַנגעֶנעֶ, פאַרשטעֶהט זיִךְ, וועֶלכעֶ זיַינעֶן געֶוועֶן געֶשמיִדט איִן קיִיטעֶן אָדעֶר געֶלעֶגעֶן איִן וואונדעֶן.

די נאַציאָנאַלעֶ פעֶרזאַמלונג, פונקט ווי זי וואָלט געֶברעֶנט מיִט דעֶר תאוה זיִךְ אויסצושמיִרעֶן איִן גאַנצעֶן מיִט דיִזעֶ בלוט, האָט באַשלאָסעֶן אונטעֶרצוטראָגעֶן אַ דאַנק-אַדרעֶס. דעֶר ווערסאַ־לעֶר אַרמיי, האָט אֵיינשטיִמיִג עֶרקלעֶרט — אַ חוץ נאָר אֵיין מיִטגליִד — אַז די תלינים פון פאָלק זיַינעֶן די „רעֶטעֶר פון פאָטעֶרלאַנד".

---

[1]) אַ גענעראל פון דער רעגירונגס-ארמיי.

דער „פּאַריז-זשורנאַל“ האָט דען 5-טען יוני 1871 אָב געדרוקט אַזאַ געשפּרעך:

— „קינדערלאַך, — פרעגט אַ מוטער בײַ איהרע טעכטער — וואָס ווילט זיך איך זעהען, חורבות אָדער מתים?

— אָה, בײדע זאַכען, מאַמוניע, בײדע זאַכען!

— נו, אויב אַזוי, וועלען מיר אָט וואָס טאָן: מיר וועלען פריהער פאָהרען קוקען אויף די טוידטע... נאָר מיטאָג עסען וועט מען שוין דאַרפען אויף גיך, ווי עס וועט זיך מאַכען.

— נישט קשה, מאַמוניע; מיר וועלען נעהמען מיט זיך צו שטיקלעך ברויט!

— גוט. און אויב איך וועל ניט ווערען צו מיד, וועלען מיר אָנשטאָט דעסערט געהען זעהען די שרפות.

און די מײדלאַך האָבען געפּאַטשטשט מיט די הענטלאַך“.

וואָס פאַר אַ’ן אויסגעצײכענטער בילד פון דער בורזשואַזיע, וועלכען זי האָט אַלײן אויסגעמאָלט!

אָ, קינדערלאַך! דיזע מתים, אויף וועלכע איהר פאָהרט קוקען, פּאַטשענדיג פאַר פרײד מיט די הענטלאַך, דאָס זײַנען די קערפּערס פון פאָלק, פון יענעם פאָלק, וואָס שאַפט מיט זײַן אַרבײַט אײַער לוקסוס, און וועלכען מען האָט אויס-געקוילעט דערפאַר, ווײַל ער האָט מעהר ניט געוואָלט לײַדען, אַז זײַנע אײגענע טעכטער זאָלען האָבען נאָר די ברירה אָדער צו הונגערען, אָדער אָנצוטאָן זיך אַ מיתה, אָדער באַקומען זײער ברויט פון פּראָסטיטוציע.

*  *
*

אַ גאַנצער פאָלק איז געוועזען אײנגעשלאָסען אין די מויערן פון זײַן שטאָדט. ער האָט אין ערגעץ ניט געקענט אַרויסגעהן, ווײַל די פאַראײניגטע אַרמײ פון די ווערסאַליער און פּרײַסען האָבען געהיט אַלע טויערען.

און אָט צו דעם פאָלק שרײַט די ווילדע רעאַקציע:

— וואָס דו זאָלסט ניט טאָן, ביזט דו פאַרלאָרען! וועט מען דיך נעהמען מיט געוועהר אין די הענד, וואַרט אויף דיר

נאָר אײנס — דער טױדט! װעסטו אױסקלײַגען די געװעהר — דער טױדט! װעסטו װײנען און בעטען רחמים — דער טױדט! װאוהין דו זאָלסט זיך ניט קעהרען, װאוהין דו זאָלסט ניט װאַרפען אַ'ן אויג — רעכטס, לינקס, פאָרװערטס אָדער צוריק, אַרויף אָדער אַראָב — דער טױדט! דיך װעט ניט פאַרהיטען דער געזעטץ, דו האָסט ניט װאָס צו װאַרטען פון דער מענשהײַט. ניט דער עלטער און ניט דער געשלעכט װעלען דיך ניט מציל זײַן, ניט דיך און ניט דײַן געזונד. מען װעט דיך טױטען. אָבער פריהער װעסטו זיך דערקװיקען מיט'ן בילד פון די גוסס'ע יסורים פון דײַן װײַב, דײַנע שװעסטער, מוטער, טעכטער, זיהן, און אַפילו פון דײַנע קלײנע עופּה'לאַך.

טױדט! טױדט! טױדט!

נעכטען נאָך האָט מען געגלעט און געלאַשטשעט דעם פרײַס: אַ געפאַנגענעם האָט מען איהם געגעבען גוט עסען און זיך באַגאַנגען מיט איהם אויף'ן בעסטען אופן; אַ פאַרװאונדעטען האָט מען איהם געהײלט מיט ליבשאַפט און גרויס זאָרג. — און אַזוי האָט מען געדאַרפט טאָן, װײַל ער איז געװען אַ מענש, חאָטש אַפילו אין דעם מאָמענט האָט ער געדינט פאַר אַ גראָבען כלי־זין אין די הענד פון פײַנד, װעלכער עס האָט זיך מיט איהם באַנוצט צוליעב דינאַסטישע שנאה און גאוה. — די היטלען אַראָב פאַר דיזען שונא — דעם װילדען הונט, װאָס איז פון ביסמאַרק'ן אָנגערײצט געװאָרען! — זשול פאַװור װעט געהען װײנען, װעט פאַלען צו די פיס פון דיזען גרויסען מאַן. טראָשיו און טיער װעלען זײַן גליקליך װען זיי װעט זיך אײנגעבען נאָך דער מלחמה צו דריקען איהם די האַנד, — די האַנד, װעלכע עס האָט דערשטיקט די רעװאָלוציע אין פראַנקרײַך. אָבער דו בירגער פון פראַנקרײַך, װעלכער איז אויפגעשטאַנען צו באַשיצען דעם רעכט און די גערעכטיגקײַט, דו, װעלכער האָט נעכטען נאָך געשיצט פאַריז פון דעם פרעמדען שונא, בעת װילהעלם האָט אויפגעהויבען די קײזערליכע קרוין, װאָס באָנאָפּאַרט האָט אָנ־

געוואָרען אין דעם שמוץ פון סעדאַן, — דו, וועלכער ס׳זויל איינפיהרען ברידערליכקייט צווישען פעלקער און אחדות אויף דער גאַנצער וועלט, דו, וועלכער חלום׳סט וועגען גליק פון פראַנקרייך און פון דער גאַנצער מענשהייט, — דו, וועלכער ווילסט אויפבויען די גרויסקייט פון דיין פאַטערלאַנד אויף אַזעלכע יסודות, וועלכע זאָלען פאַרזיכערען דעם גליק פון דער גאַנצער וועלט, — דו ביסט אין חרם, דיך פעראַכטעט מען.

פאַר דיר עקסיסטירט ניט קיין יושר.

דיין האַנד רופט אַרויס אַ עקעל, און אויב דו וואָלסט איהר אויסגעשטרעקט, בעטענדיג רחמנות, וואָלט מען איהר אָבגעהאַקט, שפּייענדיג דיר אין פּנים.

— טוידט דיר, בונטאָווּשטשיק דו! טוידט דיר, דו סאָציאַליסט! טוידט דיר, דו קאָמונאַר! טוידט דיר, דיין ווייב און דיינע עופה׳לאַך!

טוידט! טוידט! טוידט!

---

אָבער וואָס זיינען דאָס געווען פאַר אַ מענשען, וועלכע די ווילדע הערשענדע קלאַסען האָבען צוגעבונדען צום שאַנדסלופּ מיט אַזאַ ווילדער פרייד? וואָס זיינען דאָס געווען פאַר אַ מענשען, וועלכע די בורזשואַזיע האָט מיט אַ משונה׳דיגער שמחה פון ווילדע מענשענפרעסער אויסגעהרג׳עט און אויסגעקוילעט מיט אַזאַ מורא׳דיגער רציחה, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע פון די גרעסטע הריגות?

עטליכע נעמען שווימען אויף דיזע חיואַלעס פון בלוט, וועלכע עס טרייבט דער שטורעם פון רעאַקציאָנערע תאוות, עגאָאיסטישע אינסטינקטען און נקמה-זוכענדער פּייניגהייט.

לאָמיר זיך צוקוקען צו דיזע מענשען, ווייל נאָך זיי וועט מען זיך קענען פאָרשטעלען ווער זיינען געווען די איבעריגע, יענע גרויסע נאָמענלאָזע מאַסע, וועלכע וועט אויף דער פראַגע פון דער געשיכטע ענטפערען: „מיין נאָמען איז פאָלק!“

אָט איז קודם כל

# דֶרעֶקְלִיוּז .

אַ'ן אַלטעֶר מאַן מִיט אַ גרוי-ווייַסעֶ קאָפּ , אַ דאַרעֶר , מִיט אַ'ן עֶנעֶרגִישעֶן געֶזִיכט און אַ שטאָלצעֶן בלִיק , אַ מוסטעֶר פון יושר און עֶהרלִיכקייַט , אַ יאַקאָבִינעֶר [1]), ווי אויסגעֶגאָסעֶן נאָךְ'ן געֶשטאַלט פון די בראָנזעֶנעֶ פִיגורעֶן פון די מעֶנעֶר פון קאָנ־ וועֶנט [2]), פון וועֶלכעֶ עֶר אִיז געֶוועֶן דעֶר לעֶצטעֶר און פראַכטִי־ געֶר פאָרשטעֶהעֶר אִין אונזעֶרעֶ טעֶג .

זייַן גאַנצעֶר לעֶבעֶן אִיז געֶוועֶן אַ שטעֶנדִיגעֶר קאַמפּף פאַר דעֶם , וואָס עֶר האָט געֶהאַלטעֶן פאַר יושר , רעֶכט און אמת .

קייַן שום מפּלות , קייַן פאַרפאָלגונגעֶן (אִין דעֶר צייַט פון דעֶר אִימפּעֶריִעֶ אִיז עֶר געֶוועֶן פאַרשִיקט אִין קאַיעֶן [3]). קייַן שום פִיזִישעֶ און מאָראַלִישעֶ לייַדעֶן , זייַנעֶן נִיט געֶוועֶן אִים שטאַנד אָבצושוואַכעֶן זייַן גלויבעֶן און זייַן אונבעֶגרעֶנצטעֶ אִיבעֶרגעֶבעֶנהייַט.

כדי בעֶסעֶר צו קעֶנעֶן דִינעֶן דעֶר רעֶוואָלוציעֶ , האָט עֶר זִיךְ אָבגעֶזאָגט פון פאַמִיליעֶן־לעֶבעֶן ; עֶר האָט קייַן מאָל נִיט חתונה געֶהאַט און האָט געֶוואוינט צוזאַמעֶן מִיט זייַן מוטעֶר און אַ שוועֶסטעֶר .

עֶר האָט קייַן מאָל נִיט געֶוואוסט פון צוויִיפעֶל, נִיט פאַרלאָ- רעֶן קייַנמאָל דעֶם געֶדולד , אפילו מִידִיגקייַט אִיז אִיהם געֶוועֶן פרעֶמד . עֶר האָט געֶלעֶבט און אִיז געֶשטאָרבעֶן אָהן פּחד , מִיט אַ רוהִיגעֶן גייַסט ,

נאָר בעֶזונדעֶרס גרויסאַרטִיג אִיז געֶוועֶן זייַן סוף . צוערשט האָט מעֶן אִיהם געֶשִיקט פאַר אַ דעֶפּוטאַט קייַן באָרדאָ, נאָכ־ העֶר האָט מעֶן אִיהם אויסגעֶקלִיבעֶן אִין דעֶר קאָמונעֶ , און עֶר

---

[1]) ראַדיקאַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע .

[2]) די רעוואָלוציאָנערע געזעצגעבענדע פערזאמלונג , וועלכע האט אין 1892 יאהר איינגעפיהרט די רעפובליק .

[2]) פראַנצויזישע קאַטאָרגע , אזוי ווי ביי אונז סאַכאַלין .

איז געגאַנגען פּעסט און אָהן ספקות אַהין, וואוהין דער פאָלק האָט איהם גערופען.

און ער האָט דאָך געהערט צו דעם דור, וועלכער איז געוועזען דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט דער אידעע פון איינינ-קייט, פון דער נייטיגקייט פון אַ רעגירונגס-דיקטאַטור, צו אַ דור, וועלכער האָט שטאַרק געגלויבט, אַז נאָר דורך דער מלוכה קען קומען די ישועה, און איז וועניג באַקאַנט געוועזען מיט די סאָציאַלע פראַגען. זעהר גיך האָט ער געמוזט באַמערקען, אַז די זאַך, פאַר וועלכער ער האָט מקריב געוועזען זיין לעבען—די אידעע פון דער קאָמונע—געהט זיך שטאַרק פאַנאַנדער מיט איינינגע פון זיינע אידעען און איבערציינונגען, וועלכע זיינען איהם געוועזען זעהר טייער.

נאָר פאַר דעלעקליוז'ן איז נאָך העכער פאַר זיינע איינגע-נע איבערציינונגען—די רעוואָלוציע. אין דיזען אַייזערנעם מענ-שען איז ניט געוועזען קיין סימן פון אַ דאָקטרינער. דאָס איז גע-ווען אַ פאַנאַטיק אָבער ניט קיין דאָגמאַטיק. ער האָט ניט גע-הערט צו יענע מענשען, וועלכע לייגען אַריין די רעוואָלוציע אין איין ענגען „אַני-מאמין" און שרייען אויס: אויסער מיין אמת איז ניטאָ קיין אמת!

און האָטש ער איז אין אָנהויב ניט געוועזען איינשטימיג מיט אַלע שטרעבונגען פון די קעמפּפער פון דער קאָמונע, האָטש אפילו איינינגע פון דיזע שטרעבונגען זיינען געוועזען דער היפך פון זיין פּאָליטישען גלויבען, וועלכען ער האָט אָבגעגעבען זיין גאַנצען לעבען, און האָבען צוטומעלט זיין קלאָרען פאַרשטאַנד, וואָס האָט זיך געטראָגען אין גאָר אַנדערע פאָרשטעלונגען, פונדעסט-וועגען האָט ער דאָך—דאָס מוז מען מודה זיין—סוף כל סוף קלאָר פאַרשטאַנען די פּראָגראַמע פון דער קאָמונע און מסכים געוועזען מיט איהר אין אַלע איהרע פּרטים.

בטבע האָט איהם די האַרץ ניט געצויגען צו דער קאָמונע, אָבער דאָרט איז געוועזען דער פאָלק, דאָרט איז געוועזען זיין רצון.

און דעלעקליוז האָט פּעסט און ענטשלאָסען זיך גע-בויגען פאַר דיזען רצון.

נעבען דעלעקליוז'ן שטעהט נאָך אַזאַ גרויסער, חאָטש אפילו אַ גאַנץ אַנדערער מענש,

## וואַרלען.

אַ זון פון פאָלק און אַ קינד פון זיינע אייגענע געדאַנקען.

ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1839 בײַ אָרעמע פּויערים פון דעפּאַרטאַמענט סענאַ און מאַרנע. 13 אָדער 14 יאָהר אַלט איז ער אַוועק קיין פּאַריז און איז אָנגעקומען פאַר אַ לעהר-אינגעל צו אַ'ן איינבינדער.

צו יענער צײַט האָט ער ניט געקענט ניט שרײַבען און ניט לעזען. נאָר עס האָט בײַ איהם געקלעקט ענערגיע אַליין זיך צו בילדען, אָבריַיסענדיג צײַט פון יענע ווינציגע מינוטען פון רוה, וועלכע זיינען איהם געבליבען נאָך דער אַרבײַט אין ווערקשטאַט.

דעלעקליוז האָט געשטאַמט פון דער בורזשואַזיע און איז ערצויגען געוואָרען ווי אַ רעוואָלוציאָנער, אַ יאַקאָבינער; ער איז געוועזען דער טיפּ פון אַ רעוואָלוציאָנער פון אַמאָליגען, פאַר-צײַטיגען דור, וועלכער איז אַריבער צום סאָציאַליזם, ווײַל ער איז געבליבען געטריי דעם פאָלק, דעם אמת און דער גע-רעכטיגקײַט.

גאַנץ אַנדערש—וואַרלען; אין זיין געשטאַלט זעהען מיר די רעוואָלוציע פון דער נײַער צײַט. ער האָט אין גאַנצען גע-הערט צו דעם קעמפּפענדען סאָציאַליזם, און אין די רײַהען פון זיינע פאָרשטעהער וועט וואַרלען בלײַבען אויף אייביג איינער פון די ליכטיגסטע, אײדעלסטע און רוהרענדסטע געשטאַלטען.

ער האָט אָנגעהויבען זיין רעוואָלוציאָנערע אַרבײַט אַלס דער גרעסטער טוער אין דער „חברה פון ווידערשטאַנד" פון די אײנבינדער. נאַכהער איז ער געוואָרען איינער פון די, וועלכע האָבען געגרינדעט די סאָציאַליסטישע גאָרקיבען אין פּאַריז.

ענדליך איז ער געוואָרען איינער פון די ערשטע מיטגלידער און די אונערמידליכסטע אגיטאטאָרען און פארשפרייטער פון דעם „אינטערנאציאָנאל“ אין פ ר א נ ק ר ײ ך.

נאָך עד היום געדענקט מען, ווי שטאָלץ און דרייסט ער האָט זיך געהאלטען פאר דעם קייזערליכען געריכט, בשעת נ א־ פ אָ ל ע אָ ן דער III-טער האָט, איינזעהענדיג, אז איהם וועט זיך ניט איינגעבען ניט אונטערצוקויפען און ניט איינצושלינגען דעם „אינטערנאציאָנאל“, זיך גענומען קעמפפען איהם צו פער־ ניכטען.

אין דער רעדאקציע פון דער „מארסעליעזע“ בין איך צום ערשטען מאָל באקאנט געוואָרען מיט וו א ר ל ע ן׳ען.

און קיין מאָל וועל איך ניט פערגעסען דיזע יונגע, פרעכ־ טיג־שעהנע־קאָפּ. ערטערווייז שוין באדעקט מיט גרויע האָר, דיזען טיפען קוק פון זיינע שווארצע אויגען, דיזע אנגענעהמע הארציגע מעלאָדישע שטימע, דיזען איידעלען שטאָלץ און ווירדע אין זיין באגעהען זיך מיט מענשען.

ער פלעגט רעדען וועניג און איז קיין מאָל ניט ארויס פון די כלים. אין איהם האָט זיך פאראייניגט דער איידעלער גייסט פון א העלד און די מעלאנכאָליע פון א דענקער.

די ראָלע פון וו א ר ל ע ן׳ען אין דער קאָמונע איז באקאנט. ער האָט דאָרט וועניג גערעדט, פיעל געטאָן. ער האָט דער עיקר געפיהרט די געלדגעשעפטען, די פינאנסען, צוזאמען מיט ז ש ו ר ד׳ן. נאָר שפּעטער איז ער ארינבער אין דער אינטענ־ דאנטסטווע (פערוואלטונג פון דער בעל־הבתישקייט), וואו ער האָט געקענט פאָלקאָמען ארויסווייזען זיינע גרויסארטיגע אָרגאניזאטאָ־ רישע פעהיגקייטען,

בשעת אין פ א ר י ז זיינען אריין די ווערסאליער, האָט ער העלדיש געקעמפפט ביז׳ן לעצטען מאָמענט און איז צום סוף ארייגעפאלען אין די הענד פון די זיגער פון דער קאָמונע.

מיט פארבונדענע הענד אויף הינטען, באשאָטען מיט קלעפּ און זידלערייען פון חאליאסטרע מנובלים, וואָס האָט געבו־

שעוועט ארום איהם, באשפּיגען און באַװאָרפען מיט קויט און בלוט — אַזוי האָט מען איהם מעהר ווי צוויי שעה אַרומגעפיהרט איבער די גאַסען פון מאָנמאַרטר, כדי צו פאַרלייַנגערען מיט די טייוועלשסטע אכזריות די יסורים פון זיין גסיסה.

אָבער אויך די זעלאַנגע פּייניגונג האָט ניט געקענט ברעכען זיין מעכטיגע, שטאָלצע נאַטור.

בלאַס און רוהיג, אָהן אַ שום וואָרט, אָהן אַ שום תנועה פון אונגעדולד, אָדער פון כעס, אָדער פון שוואַכקייט, האָט ער באַטראַכט זיינע תליונים מיט זיין טיפען בליק.

ענדליך האָבען די קוילען געמאַכט אַ סוף צו זיינע צרות. ער איז געווען אַזוי גרויס און ערהאַבען אין זיין אונטער־שראָקענהייט, אַז אפילו זיינע שונאים און תליונים האָבען דאָס געמוזט מודה זיין.

אָט איז אַ באַשרייבונג פון זיין טוידט, וועלכע איז וואָרט אין וואָרט גענומען געוואָרען פון אַ רעאַקציאָנערען זשורנאַל פון יענער צייט:

וואַרלען'ען, וועלכען מען האָט אַרעסטירט אויף לאַ־פאַיעטער גאַס, האָט מען אַוועקגעפיהרט צום מאָנמאַרטר. דער המון איז געוואָרען אַרום איהם אַלץ גרעסער און גרעסער, און נאָר מיט גרויס מיה האָט זיך איינגעגעבען צו דערגרייכען די מאָנמאַרטרישע בערג, דאָ האָט מען דעם געפאַנ־גענעם געבראַכט פאַר איינעם אַ גענעראַל, זיין נאָמען איז מיר אַרויס פון קאָפּ. דער דעזשורנער אָפיציר איז צוגעגאַנגען צו איהם שטילערהייט עפּעס געזאָגט און יענער האָט איהם געענט־פערט — „דאָרט, הינטער דער וואַנד".

אַ חוץ די זעלבע פיר ווערטער האָב איך מעהר גאָר נישט גע־קענט הערען, און חאָטש עס איז קיין שום ספק ניט געווען, וואָס זיי באַדייטען, האָט זיך מיר דאָך געוואָלט זעהען ביז'ן סוף דעם לעצטען אַקט אין לעבען פון איינעם פון די באַשעפערס פון דיזער שרעקליכער דראַמע... אָבער די נקמה פון דער געזעל־שאַפט האָט אַנדערש באַשערט.

„בשעת מען האָט דעם פאַר׳משפּט׳ען צוגעפיהרט צום דעם אָנגעוויזענעם אָרט, האָט זיך פון המון פאַרנאַנדערגעגעבען עפּעס אַ שטימע, וועלכע איז באַלד אונטערגעכאַפּט געוואָרען פון אַ סך אַנדערע: „נאָך צו פריה! מען דאַרף איהם נאָך אַרומפיהרען".

„די טרויעריגע פּראָצעסיע האָט זיך ווייטער געריהרט. מען איז געקומען אויף דער גאַס ראָזיע, נאָר דער הויפּט-שטאַב, וועלכער איז געשטאַנען אין יענער גאַס, האָט איהם דאָרט ניט געלאָזט טויטען.

„מען האָט זיך געמוזט ווידער אומקעהרען צום מאָנ־מאַרטר אונטער דער באַגלייטונג פון דעם גאַנצען המון, וועל־כער איז נאָך אויף יעדען טריט געוואָרען אַלץ גרעסער.

דער בילד איז געוואָרען אַלץ שרעקליכער. דיזער מענש, חאָטש ער האָט פון אָנהויב אָן געוואוסט, וואָס פאַר אַ סוף עס ערוואַרט איהם, איז געגאַנגען מיט אַזאַ דרייסטען און שטאַרקען טריט, אַז ניט קוקענדיג אויף אַלע פערברעכען, וועלכע ער האָט געקענט אָבטאָן, האָט דער צוזעהער אַליין אָנגעהויבען צו ליידען, זעהענדיג אַזאַ לאַנגע און שווערע גסיסה.

„נאָר אָט איז ענדליך דער פאַר׳משפּט׳ער געקומען אויף׳ן אָרט, וואו מען דאַרף איהם טוידטען. מען שטעלט איהם ביי׳ם וואַנד; נאָר ביז וואַנען דער אָפיציר האָט אויסגעמוסטירט די סאָל־דאַטען, נאָך איידער ער האָט נאָך געהייסען שיסען, האָט איין סאָלדאַט, אַודאי נאָך ניט קיין גאַנץ געניטער, אַראָבגעלאָזען דעם קורעק, אָבער דער ביקס האָט זיך פאַרהאַקט. אין דער זעלבער מינוט האָט זיך דערהערט אַ שאָס און וואַרלען איז געפאַלען,

„די מינוט האָבען די סאָלדאַטען, מורא האָבענדיג, פאַר־שטעהט זיך, טאָמער איז ער נאָך ניט גאַנץ טויט, זיך אַ וואָרף געטאָן אוהם צו דערשלאָגען מיט די שטילען פון די ביקסען. דער אָפיצער האָט זיי געזאָגט: — איהר זעהט דאָך, ער איז טוידט—לאָזט איהם!"

אַט אַזוי דערצעהלט אַ שונא, איינער פון יענע ווילדע חיות, וועלכע האָבען זיך מיט רציחה אַרויפגעוואָרפען אויף דעם איינגענומענעם פאָלק און אַרומגעלאָפען זעהען די הריגות ווי אַ יום-טוב.

דיזע ערצעהלונג, חאָטש זי איז בכיוון אָבגעשוואַכט, גיט אַ גרעסערען באַגריף פון די נידערטרעכטיגע אַכזריות פון די תליונים און פון דעם העלדענמוט פון זייער קרבן, איידער גאַנצע צעהנדליגע ביכער.

דאָס איז אַ לעבעדיגער בילד, וועלכען מען קען ניט פאַרגעסען.

דאָס איז געוועזען דער סוף פון וואַרלען'ען, וועלכער האָט מיט מאַרטירערײַ באַקרייִנט זײַן לעבען, וואָס איז אין גאַנצען געוועזען אָבגעגעבען פאַר רעכט און גערעכטיגקײַט.

איך האָב זיך אַזוי לאַנג אָבגעשטעלט בײַ דיזע ביידע גע-שטאַלטען, ווײַל אין זיי שפּיגלען זיך אין גאַנצען אָב די ביידע זײַטען פון דער קאָמונאַליסטישער באַוועגונג, און מען קען אין זיי זעהן צוויי קאַנטען פון דער פאַריזער קאָמונע.

דעלעקלוז, דאָס איז אַ בורזשואַזער יאַקאָבינער, וועל-כער פאַרגעסט זײַן אָבשטאַמונג, זײַן ערציהונג, זײַנע אינסטינק-טען, די טראַדיציעס פון זײַן קאַסטע, און ווערט אַ סאָציאַליסט, כּדי צו פאַראייניגען זיך מיט'ן פאָלק, כּדי צו געהען מיט איהם צוזאַמען אין קאַמפּף פאַר דער סאָציאַלער פרײַהײַט.

וואַרלען—דאָס איז דער יונגער פאָלק אַליין, וואָס הויבט אויף די קאָפּ, באַהערשט די וויסענשאַפט, און גיסט זיך אַליין צונויף מיט התלהבות פון העלדענמוט מיט דער סאָציאַלער רע-וואָלוציע, פון וועלכער ער איז דער געטרײַער, געבאָרענער פאָרשטעהער,—איהר בלוט און פלייש.

דער ערשטער זאָגט דער קאָמונע: דו ביזט די גערעכ-טיגקײַט!

דער צווייטער איז מודיע דער פאַרוואונדערטער וועלט:

דער פאָלק איז גרויס!

דעם פאָלק, צו לעבען, קעמפפען, שטאַרבען מיט איהם, פאַר איהם.

נאָר ווערמאָרעל האָט זיך נאָך דערצו ערצויגען אין אַ יעזואיטישער סעמינאַריע. און ער האָט אַלץ בייגעקומען, אַפילו די קלערוקאַלע ערציהונג, אַפילו די גיפטיגע ווירוקונג פון די יעזואיטען.

אַרויסגעבענדיג די ציַיטונג „דער פראַנצויזישער קוריער", איז ער געווען איינער פון די ערשטע, וועלכע האָבען אין דער ציַיט פון דער אימפּעריע אויפגעהויבען די פאָהן פון סאָציאַליזם.

באַצאָהלט האָט מען איהם מיט בלבולים און רכילות. אין אַ משך פון אַ לאַנגער צייַט האָט ער זיך געפונען אין אַ חשד, אפילו ביי דער רעוואָלוציאָנערער פאַרטיי גופא.

בשעת מען האָט איהם אויסגעקליבען אין דער קאָמונע, איז ער אין פּאַריז ניט געוועזען; נאָר ער האָט זיך באַלד אָבגערופען און איז געקומען. ער האָט ניט געגלויבט אין דעם נצחון און האָט זיך ניט אָבגענאַרט מיט פאַנטאַזיעס. נאָר ער איז ניט טראַכטענדיג געגאַנגען אַהין, וואוהין עס האָבען איהם גערופען זיין עהרע און די געפאַהר.

דאָ איז ער באַלד געוואָרען איינער פון די הויפּטרעדנער אין דער פאַרזאַמלונג. ער האָט כסדר באַזוכט אַלע פאַרזאַמלונגען פון דעם ראַט-הויז, גענומען אַ ענערגישען אָנטייל אין דער אַרבייט פון זיין קאָמיסיע; ווען ער פלעגט פערזענליך ניט קענען ריידען, פלעגט ער שרייבען. ווען מען האָט געדאַרפט, פלעגט ער אַרומלויפען איבער די וואַכען; ער איז, מיט איין וואָרט, געווען אומעטום, וואו ער האָט געפיהלט, אַז ער קען מיט וואָס ניט איז דינען, וואו ער האָט געפונען אַ וועלכע עס איז פפליכט.

דיזער ליטעראַטאָר, דיזער זשורנאַליסט, אין וועלכען עס איז ניט געווען קיין סימן פון אַ סאָלדאַט, וועמענס גאַנצער פריהערדיגער לעבען איז געווען הוילע וויסענשאַפט, דורך און דורך גייסטיגע אַרבייט, ווערט נאָר אַנ'אַנדערער, בשעת די ווערסאַליער זיינען אַריין אין פּאַריז; ער נעהמט אַנ'אָנטייל אין די

נעהמט ער זיך ווידער פאַר'ן קאַמפּף אין דער „מאַרסעליעזע“ און אויף עפענטליכע פערזאַמלונגען. אין דער צייט פון דער באַלאַגערונג, אַלס אַ קאָמאַנדיר פון אַ באַטאַליאָן, האָט ער דעם 31 אָקטאָבער פּראָבירט צו ראַטעווען פּ אַ ר י ז און די רעפּובליק. די רעגירונג פון „פאָלקס-אָבוועהר“, וועלכע ער האָט געהאַט די שוואַכקייט צו שאָנעווען, האָט איהם אַריינגעזעצט אין מ אַ ז אַ ס[1]), פון וואַנען דער פאָלק האָט איהם באַפרייט דעם 11-טען יאַנואַר.

דעם 4 אַפּריל איז ער אומגערכטערהייט אין ר ו י ע ל אַרעסטירט געוואָרען פון זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבען אַרומגערינגעלט די הויז, וואו ער האָט געוואָלט עטליכע מינוט אָברוהען. ער האָט זיך געפּרואווט אָבראַנגלען, נאָר איינער אַ קאַפּיטאַן, ד ע מ אַ ר מ ע, האָט איהם צושפּאָלטען מיט'ן שווערד דעם מוח, מיט אַזאַ ווילדען קלאַפּ, אַז די מאַרך האָט אַרויסגעשפּריצט.

זיין קערפּער האָט מען אַריינגעוואָרפען אין אַ טרונע און אַוועקגעפיהרט קיין ו ו ע ר ס אַ ל, די אַריסטאָקראַטישע דאַמען פלעגען לויפען קוקען אויף איהם, דיזע „צייג“, (ווי דער פּאָעט האָט זיי אָנגערופען אין אַ פערז), וואָס לויפען לעקען די בלוט פון די פאַרוואונדעטע און שטעכען אין די פרישע וואונדען פון די געפאַנגענע „מיט די געשניצטע הענטלאַך פון זייערע זיידענע רעגענשירעמס...“

ד י ו אַ ו ו אַ ל—פון אינטערנאַציאָנאַל—איז געוועזען אַ פּראָסטער קופּער-גיסער. סך הכל עטליכע טעג איז ער געזעסען אין דער קאָמונע, וואו ער האָט זיך באַלד אויסגעצייכענט דורך זיין ענערגיע, זיין טעטיגקייט און זיין העלדענמוט פול מיט געלאַסענהייט.

אויף דער פאַרזאַמלונג איז מיר אויסגעקומען צו זיטצען נעבען איהם. איך האָב ווייניג געזעהען סימפּאַטישערע מענשען ווי ער. איך האָב ווייניג מענשען באַגעגענט, אין וועמעס געזיכט עס זאָל זיך אַזוי קלאָר אָבשפּיגלען [illegible] און מסירת-נפש פון זייער נאַטור.

---

[1]) א טורמע פאַר פּאָליטישע.

ער איז נאָר דורכגעגאַנגען איבּער דער סצענע פון דער געשיכטע כּדי צו קעמפּפען און צו שטאַרבּען. אָבּער ווער עס האָט איהם נאָר איין מאָל געזעהען, וועט איהם קיין מאָל ניט פאַרגעסען.

איהם האָט מען גענומען אין געפאַנגענשאַפט צוזאַמען מיט זיין מחנה אויף די שאַטילעניש בּערג, נאָך אַ פאַרצווייפעלטען קאַמפּף. מען האָט זיי אַרומגערינגעלט קיין פאַטראָנען זיינען מעהר ניטאָ.

— גיט זיך אונטער, מען וועט אייך שענקען דאָס לעבען! זאָגט מען זיי אין דעם נאָמען פון גענעראַל פ ע ל ל ע, וועלכער ס'האָט קאָמאַנדירט מיט דעם חיל.

זיי גיבּען זיך אונטער.

די ווערסאַלער האָפען בּאַלד די סאָלדאַטען פון דער פראַנצויזישער אַרמיי, יועלכע האָבּען געקעמפּפט אין די רייהען פון די פעדעראַליסטען, און דאָ אויף'ן אָרט דערשיסט מען זיי.

שפּעטער שענקט דער מאַרשאַל מ אַ ק-מ אַ ה אָ ן דאָס לעבּען בּ אַ ז ע ן'ען, אויך אַזאַ מאַרשאַל ווי ער, וועלכער איז געווען שולדיג מעהר ניט אין דעם, יואָס ער האָט איבּערגעגעבּען דעם שונא מ ע ץ און זיין אַרמיי!

די איבּעריגע געפאַנגענע רינגעלט מען אַרום מיט צוויי רייהען סאָלדאַטען און מען פיהרט זיי קיין וו ע ר ס אַ ל.

אויף'ן וועג בּאַגעגענען זיי וו י נ וּ אַ, דעם זעלבּען וו י נ וּ אַ, וועלכער האָט מיט פאַרגעניגען גענומען אויף זיך די שמוציגע אַרבּייט איבּערצוגעבּען פּ אַ ר י ז דעם שונא אין די הענד.

ער פרעגט — ווער איז דאָ דער הויפּט-מאַן?

— איך, ענטפערט ד י וּ אַ וו אַ ל, אַרויסטרעטענדיג דער ערשטער.

נאָך איינער טרעט אַרויס בּאַלד נאָך איהם.

— איך בּין דער פיהרער פון ד י וּ אַ וו אַ ל'ס שטאַבּ.

— איך בּין דער פיהרער פון די פרייוויליגע, זאָגט אַ דריטער און שטעלט זיך לעבּען די ערשטע צוויי.

— איהר אַלע זייט פאַסקודנע מנוּבּלים! זאָגט וו י נ וּ אַ אויף זיין קאַזאַרמישער שפּראַך, איך וועל אייך אויף'ן שטעל דערשיסען.

נאָר די תּלינים האָבען אַ טעות געהאַט. קיינער פון זיי האָט זיך ניט אונטערגעגעבען! אַלע—ווי אויף די גאַסען, אַזוי אויך בּיי'ם סלופּ פון סאַטאָרי, די אונבּעוואוסטע די בּערימטע, סיי אין די פינסטערע ווינקלאַך, סיי פאַר די אויגען פון דער געשיכטע, זיינען זיי אַלע געשטאָרבען, ניט ציטערענדיג, מיט אַנ'אויפגעהויבענעם קאָפּף.

בּיי פערערע איז ווי בּיי די איבּריגע געוועזען זיינע אייגענע מכות, זיינע אייגענע צרות. זיין מוטער איז אראָבּ פון זינען און געשטאָרבען פון פערצווייפלונג. זיין בּרודער האָט מען געהאַלטען ווי אַ משוגע'נעם אין איינעם פון די ווערסאַליער געפענגניסען. זיין פאָטער איז געוועזען אין געפאַנגענשאַפט. זיין שוועסטער, 19 יאָהר אַלט, איז געבּליבּען אַליין אין דיזער שרעקליכער איינזאַמקייט, וואו עס איז נאָך איהר שטענדיג נאָכגעגאַנגען דער שטן פון געהרג'עטע אָדער משוגעים, צווישען דעם נאָר וואָס פערשאָטענעם קבר פון איהר מוטער און דעם נאָר וואָס פריש אויסגעגראָבּענעם קבר, וואָס האָט געוואַרט אויף איהר בּרודער. אַ שטילע, שטאָלצע, האָט זי זיך ניט געלאָזען בּייגען און איז ווערט געוועזען צו האָבּען אַזאַ בּרודער, זי האָט געאַרבּייט טאָג און נאַכט, כּדי צו פערדינען אויף'ן איינענעם לעבּען און צו בּריינגען יעדע וואָך 20 פראַנק דעם פער'משפּט'ען.

ענדליך, דעם 25 נאָוועמבּר, 6 אַזייגער אין דער פריה האָט מען פערערע געפיהרט קיין סאַטאָרי צוזאַמען מיט ראַססעל'ן און בּורזשואַ,—אַנ'אָרימען סאָלדאַט, וועמענס נאָמען מען דאַרף אויך געדענקען.

אין גאַנצען שוואַרץ געקליידעט, מיט אַ ציגאַר אין מויל, מיט אַ געזיכט, אויף וועלכען עס האָט זיך ניט בּאַוועגט קיין איינציגער מוסקעל, איז ער מיט לאַנגזאַמע פעסטע טריט צוגעגאַנגען צום סלופּ, וועלכער איז געוועזען בּעשטימט פאַר איהם,— האָט זיך אַוועקגעשטעלט און אַ קוק געטאָן דעם טויט גליידך אין פנים.

עס האָט זיך פאַנאַנדערגעגעבּען אַ דונער פון פילע בּיקסען. ראַססעל און בּורזשואַ זיינען געפאַלען — פערערע איז גע-

בלִיבּען שטעהען. עס האָט זיך דערהערט אַ צווייטער דונער, — ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען.

דאַן געהט צו איינער פון די סאָלדאַטען און לעגט איהם צו צום אויער זיין ביקס און שיסט איהם דורך די קאָפּ.

מען הרג'עט איהם בּיסלעכווייז.

---

אַזעלכע מענשען זיינען דאָס געוועזען! אַזוי איז געוועזען דער פאָלק פון דער קאָמונע!

מיר וועלען ענדיגען מיט די שאַרפע ווערטער, וועלכע פערערע האָט געזאָגט פאַר'ן מיליטער-געריכט, וועמען מען האָט איהם איבערגעגעבען צום קוילענען „אויף'ן געזעטצליכען וועג".

יעדער פּרוש וואָלט זיי נאָר אָבגעשוואַכט: דאָס איז די צוואָה פון אַ העלד, דאָס איז צו גלייכער צייט אויך אַ נבואה וועגען דעם קומענדען אויפלעבען פון דער אונשטערבליכער אידעע, וועלכע מען האָט זיך אומזיסט געסטאַרעט צו דערטרינקען אין די בלוט פון איהרע פּאַרטיי-דינער.

„אַלס אַ מיטגליד פון דער קאָמונע, בּין איך אין די הענד פון איהרע מנצחים. זיי ווילען מיין קאָפּ — זאָלען זיי איהר נעהמען. איך וועל קיין מאָל ניט פּראָבּירען צו ראַטעווען מיין לעבען דורך נידערטרעכטיגקייט. איך האָב געלעבט אַ פרייער — אַזוי וועל איך שטאַרבּען".

„איך וועל צולעגען נאָר איין זאַך: דער גליק בּייט זיך. דער קומענדער צייט לאָז איך איבער צו זאָרגען וועגען מיין אָנדענקען און וועגען מיין נקמה!".

און די צוקונפט וועט ערפילען דיזע צוואָה!

**אַרטור אַרנו**

מיטגליד פון דער פּאַריזער קאָמונע.



שלאַכטען, פיהרט די וועגען, טראָגט פאַרנאַנדער די באַפעהלען, ער איז אומעטום, וואו עס איז די גרעסטע סכנה, ריזיקירענדיג מיט'ן לעבען 20 מאָל אַ שעה.

ענדליך פאַלט ער אַ דערשאָסענער. מען טראָגט איהם אַוועק און מען וויל איהם באַהאַלטען, נאָר מען זוכט איהם אויף און מען פיהרט איהם אַ געפאַנגענעם אין שפּיטאָל, וואו ער שטאַרבט לאַנגזאַם.

ווי שווער האָבען געמוזט זיין די יסורים פון דיזער לאַנגער שרעקליכער גסיסה אונטער דער וואַך פון די ווערסאַלער געפענגניס-היטער, ווייט פון אייגענע מענשען, אין דעם רעכטען פייער פון דיזער פינסטערער בלוטיגער מפּלה פון דער ערשטער שטאָדט אין דער וועלט און דער הייליגסטער זאַך אין דער געשיכטע.

מיט אַ פּאָר שעה פריהער, איידער ווערמאָרעל איז פאַרוואונדעט געוואָרען, האָט ער, פיהרענדיג פולווער אין מאָנמאַרטר, באַגעגענט זיך מיט פּעררע.

זעהט איהר, פּעררע, האָט ער איהם געזאָגט, האָבענדיג אין זינען איניגע טרוויעריגע סכסוכים, די מיטגלידער פון דער מינדערהייט ערפילען זייער פליכט.

די מיטגלידער פון דער מעהרהייט וועלען ערפילען זייערס! ענטפערט פּעררע.

און דיזע ביידע מענשען, וועלכע האָבען געדאַרפט אַזוי גיך שטאַרבען ביידע, געהען זיך פאַרנאַנדער מיט די שטאָלצע ווערטער.

נאָר די פּעדער פאַלט ביי מיר פון האַנד און די נעמען עגבערען מיר מיין זכרון.

מיר וואָלט זיך געוואָלט וועגען אַלעמען רעדען, נאָר איך וואָלט אַפילו ניט געקענט אויסרעכענען זייערע נעמען! נאָר איך וועל דערצעהלען נאָר נאָך וועגען איינעם, — וועגען

## פּעררע.

אין פּעלאַזשי, אין געפענגניס, וואוהין אונז ביידען האָט אַריינגעוואָרפען דער דעספּאָטיזם פון דער אימפּעריע, האָב איך זיך דעם ערשטען מאָל באַקענט מיט פּעררע.

עס איז אונמעגליך צו פערגעסען דיזע בלאַסע, דאַרע, ענערגישע פיגור און דיזע געזוכט מיט'ן לאַנגען נאָז, וואָס האָט זיך אַראָבגעלאָזען ביז איבער'ן מויל, אין דיזע שוואַרצע אויגען מיט אַ שנעלען, פינסטערען בליק.

אין דער קאָמונע האָט ער זעלטען גענומען אַנ'אָנטייל אין די ויכוחים. ער האָט זיך בעשעפטיגט מיט דער פּאָליציי צוזאַמען מיט ראַאול ריגאָ. אויף וועמענס אָרט ער איז צום סוף געוואָרען אַ דעלעגאַט אין דער הויפּט-פּאָליציי.

שטענדיג רוהיג, געוועהנליך אַ שווייגענדיגער, נאָך'ן אויסזעהן אַ ביסעל קאַלטבלוטיגער, האָט דיזער מענש געהאַט אַנ'אייזערנעם רצון און אַ העלדישע מוטיגקייט אין זיין שוואַכען און אויסגעדאַרטען קערפּער. דאָס איז געוועזען אַ פייערדיגע נאַטור. פאַר וואָס ער פּלעגט זיך ניט נעהמען, פּלעגט ער זיך אַריינטאָן מיט אַלע כחות. מיט זיין איינגעהאַלטענע התלהבות און מיט זיין פעסטען רצון דערמאָנט ער יענע רעפאָרמאַטאָרען פון 16-טען יאָהרהונדערט, וועלכע האָבען גע'חזר'ט די עקרים פון זייער גלויבען, ראַנגלענדיג זיך מיט'ן טוידט אויף'ן פייער פון דער אינקוויזיציאָן.

פאַר דעם מיליטער-געריכט, וואָס האָט איהם צוגע'משפט צום טוידט מיט די גראָבסטע בעליידיגונגען, איז ער געוועזען מעכטיג און גרויס מיט זיין קאַלטער רוהיגקייט און מיט זיין האַס צו די תלינים, וועלכע דער נצחון האָט געמאַכט פאַר ריכטער. מיט אַ שעה פריהער, איידער מען האָט איהם גע'הרג'עט, האָט ער געשריבען זיין שוועסטער אַ בריעף, אָהן פראַזען, אין וועלכען ער ערקלערט זיך פאַר אַ פאָלקאָמענעם אַטעאיסט (אַפיקורס) און מאַטעריאַליסט. גאַנצע 12 וואָכען האָט ער געוואַרט נאָך'ן משפט אויף'ן טוידט.

די ווערסאַליער האָבען בכיון פאַרלענגערט די יסורים פאַר'ן טוידט פון די פער'משפט'ע. האָפענדיג צו צוברעכען דורך אַזעלכע ענוּים דיזע העלדישע נאַטורען.

נאַסטאַן קרשעמי[illegible] האָבען גע'הרג'עט אין 6 חדשים נאָך'ן משפט.

# עס דרוקט זיך:

---

**ק. מארקס** און **פר. ענגעלס**. דער מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

**ד. פינסקי**. אין משוגעים־הויז (מאָנאָלאָג).

**ק. קאוטסקי**. קלאַסען אינטערעסען.

**מ. טערמאן**. רעליגיאָן און קלאַסען־געגענזאַטצע.

**א. טהון**. די געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין רוססלאַנד

**נעמאינסקי**. די פאַריזער קאָמונע פון 1871 יאָהר.

**א. בעבעל**. די פרוי און דער סאָציאַליזמוס.

**פרץ הירשביין**. ווייטע און נאָהענטע. בילדער אין פיער אַקטען.

**נ. ריאזאנאוו**. דער 19 פעברואַר.

**האפמאן**. די פראָסטיטוציע און דאָס פרויען־האַנדעל.

* * * די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג אין ענגלאַנד.

**א. הא**. די סאָציאַליסטישע פראַקציאָן אין דעם ציוניזמוס.

בעמערקונג: די, וואָס שרייבען אויס מער ווי אויף 2 רובל, צאָהלען ניט פאַר'ן איבערשיקען.

---

דרוקעריי: ...

*Вильна, книгоиздательство „ДИ ВЕЛТЪ"*

# פערלאג „די וועלט"

## עס זיינען אַרוים פֿון דרוק:

| | קאָפּ. | סענט. | פּענ. | פֿעניג. | סאַנט. |
|---|---|---|---|---|---|
| ד. פינסקי. היינטיגע יונגע לייט (מאָנאָלאָג). | 1 | 1 | ½ | 4 | 5 |
| ד. פינסקי. ערב יום כפּור / ה. ד. נאָמבערג. מען וועקט } פּרייז - - | 2 | 2 | 1 | 8 | 10 |
| ד. פינסקי. די פֿאַמיליע צבי - - - | 12 | 12 | 6 | 8 | 60 |
| מ. דיקשטיין. פֿון וואָס איינער לעבט. | 5 | 5 | 2½ | 20 | 25 |
| מ.. שיפּפּעל. די עקאָנאָמישע איבערקערעניש אין די ענטוויקלונג פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע - - - - - - | 5 | 5 | 2½ | 20 | 25 |
| לעווין. אין אַ פֿינסטערע נאַכט (ערצעהלונג - - - - - - - - - - | 2 | 2 | 1 | 8 | 10 |
| פּ. יושקעוויטש. וויגען וואַהלרעכט - - | 7 | 7 | 3½ | 28 | 35 |
| * * * דער קליינבירגערליכער סאָציאַליזמוס אויפ'ן יודישען באָדען - - | 4 | 4 | 2 | 16 | 20 |
| * * * ערצעהלונגען אויס דער געשיכטע פֿון דער ערשטער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע. - - - - - - - - | 6 | 6 | 3 | 24 | 30 |
| ק. קאַוטסקי. דאָס ערפֿורטער פּראָגראַם אויך אין 6 העפֿטען, יעדעס העפֿט 5 ק. (מיט פּאָרטאָ 40 ק.) | 30 | 30 | 15 | 120 | 150 |
| בעללאַמי, אין הונדערט יאָהר אַרום - - (מיט פּאָרטאָ 33 ק.) | 25 | 25 | 12½ | 100 | 125 |
| פ. לאַססאַל. רעכט און מאַכט (דער עיקר פֿון אַ קאָנסטיטוציע) - - - - - | 6 | 6 | 3 | 24 | 30 |
| פ. לאַססאַל. די אַרבייטער און די געזעלשאַפטליכע קלאַססען (דאָס אַרבייטער פּראָגראַם) - - - - - - - - | 8 | 8 | 4 | 32 | 32 |
| פּאָל עווי. צדקה (ערצעהלונג) - - - - - | 2 | 2 | 1 | 8 | 10 |
| ק. קאַוטסקי. מאָסים פֿעראיינען - - - | 6 | 6 | 3 | 24 | 30 |
| * * פֿרידריך ענגעלס (לעבענס באַשרייבונג) - - - - - - - - | 10 | 10 | 5 | 40 | 50 |
| ק. קאַוטסקי. די סאָציאַלע רעפֿאָרמען און די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן - - - | 15 | 15 | 7½ | 60 | 75 |
| * * * צו דער געשיכטע פֿון דער בעלגישער אַרבייטער-בעוועגונג - | 10 | 10 | 5 | 40 | 50 |
| פּאַול לאַפֿאַרג. רעליגיאָן פֿון קאַפּיטאַל - | „ | „ | „ | „ | „ |
| „ „ פּערזענליכע ערינערונגען. | — | — | — | — | — |
| אַרנו. די קרבנות פֿון דער קאָמונה - - | 3 | 3 | 1½ | 12 | 15 |
| * * * אַ מעשה פֿון פֿיער ברידער | 10 | 10 | 5 | 40 | 50 |

